| | |
|---|---|
| **m. neugröschel** | מענדל נײַגרעשל |
| **lirycy polscy** | פוילישע ליריקער |
| **przekłady żydowskie** | איבערזעצונגען |
| **zofja nałkowska** | זאָפיאַ נאַלקאָווסקאַ |
| **jerzy jankowski** | יעזשי יאַנקאָווסקי |
| **juljan tuwim** | יוליאַן טווים |
| **kazimierz wierzyński** | קאַזימיעזש וויעזשינסקי |
| **józef wittlin** | יוזעף וויטלין |

## זוכצעטל:

# דאָס געזאַנג פון פרויען

אַ גוט מאָרגן דער זון, אַ גוט מאָרגן די וואַסערן און די בלומען, און דעם
ליכטיקן גראָז אויף די טאָלן, וואָס צווישן די ביימער.
מיר באַגריסן דעם פרילינג, וואָס גייט אויף ווי אַ גרינע שלאַנג מיט אַ די־
מענטענער קרוין אַרום דער ערד.
זאָל זײַן געבענטשט אונדזער ווונדערלעכע שוועסטער, די נאַטור.

רופט אונדז ניט אָן: מענטשן — מיר זענען צו שיין פאַר דעם. מיר ווילן
אַ גרויסן אויצער ניט בײַטן אויף ווערטער.
מיר זוכן איבער דער ערד שפּיגלען, קעדיי צו צערטלען זיך מיט אונדזער
שיינקייט, שפּיגלען פון וואַסער, פון גלאָז און פון פאַרליבטע אויגן.
מיר האָבן ליב סימכעס און יעסורים, מיר גייען מיט שמייכלען און טרערן
צווישן די געשעענישן.
זאָל זײַן געבענטשט אונדזער ווונדערלעכע שוועסטער, די נאַטור.

מיר זענען שקלאַפינעס פון סוידעס. מיר האָבן ליב צו זײַן געפאַנגען אין
יאָך און לאָקן אין יאָך אַרײַן. מיר האָבן זיך ליב אָנצוטון קייטן און
בלומען.
מיר שרעקן זיך פאַר פרײַ־זײַן ווי פאַר פאַרלאָזנקייט און טויט. מיר שרעקן
זיך פאַר איר ווי פאַר דער אומענדלעכקייט.
מיט פאַרמאַכטע אויגן צעשימערן מיר זיך אין אונדז מיט סוידעסדיקן פלאַם,
אימלעכער אָפּגעטויטער באַגער שיסט אַרויס ווי אַ בלום פון ווילדן
כאָלעם, וואָס גאַרט צו פאַרקערפּערונג.

מיר זענען גאָרטנס פון אָפּגעשטאָרבענע בלומען, סעדער פון צערויבטע
פּייגעס,
און מיר שמייכלען צום שרעקיקן ערנסט פון לעבן.
זאָל זײַן געבענטשט אונדזער ווונדערלעכע שוועסטער, די נאַטור.

אויף די סטעשקעס פֿון טאַאווע גייען מיר צו די ברעגעס פֿון טויט. דורך גרויסע פֿענצטער פֿון קליניקעס און שפּיטאָלן קוקן מיר אויף די טויט־געהייליקטע באַגינענס, ווי ס'גייט אויף פֿאַר אַנדערע די זון. שיקער פֿון ווייטאָג ביינן מיר זיך איבער דעם לעצטן אָפּגרונט און ברענגען, פֿריילעכע, פֿון דאָרט דאָס נייַע לעבן.

אָן פּאַכעד קושן מיר די ליפּן פֿון טיפֿסטן סאָד. ווער וועט זיך ניט דער־שרעקן פֿאַר אונדזער האַרץ?

זאָל זייַן געבענטשט אונדזער וווּנדערלעכע שוועסטער, די נאַטור.

מיר זענען בלייַענדיקע צווייַגן, וואָס הילן איַין אַ טהאָם. מיר זענען שויבן פֿון וואַסערן אויפֿן כאָלאָל פֿון וועלט, שמעקנדיקע נעפּלען איבער דער נישטיקייַט.

זאָל זייַן געבענטשט אונדזער וווּנדערלעכע שוועסטער, די נאַטור.

# אין שענק

די קליינע לעמפּלעך מיט אַ יונגען ברען
פֿאַר סימכע טאַנצן אויף די ווענט — און לאַכן.
פֿון מאָרגן קלערן איצט?! פֿאַרוואָס? פֿאַרווען??!
די וועלט קרײַזט אייביק אין די זעלבע שליאַכן...

ווי אין אַ סטאַוו באַנאַכט דער לוואָנעס גלאַנצן
די לעמפּ אין שפּיגלס דעמערונג זיך באָדן —
און צו דעם טאַקט פֿון טאַראַנטעלן טאַנצן
די גאַסנמיידלעך זייערע קאַראַהאָדן.

אין לאָמפּ דעם צווייטן לאַכנדיק באַגעגנט,
הײַנט שיקערער און פֿריילעכער און העכער,
ווי ווען כ'האָב מיט דער האָפֿנונג זיך געזעגנט:

דער ווײַן, דער גילדנער, פֿרייט זיך אינעם בעכער...
מיט פֿלאַם מיט שיקערן די לעמפּ זיך וואַשן
און ווילד די שטאָפּערס שיסן פֿון די פֿלאַשן!...

## צוויי ווינטן

איין ווינט — ווייעט אינעם פעלד,
צווייטער — שפּילט אין סאָד און קוועלט:
ווי אַ גרינגער, צאַרטער זינגער
בלעטער צערטלט, קושט זיך, ווערטלט,
צאַפּלט.

ערשטער ווינט — אַ פלאַטער־קאָפּ!
ווייַזט אַ קונץ — און פאַלט אַראָפּ,
שטעלט זיך אויף, צעדרייט זיך, וויכערט,
עגבערט זיך ארויף פאַרגיכערט,
מאַכט אַ פלעצל און פאַלט אום
אויפן סאָד, וואָס רוישט אַרום,
ווי דער גרינגער, צאַרטער זינגער
בלעטער צערטלט, קושט זיך, ווערטלט,
דער צווייטער ווינט.

פאַלט פון בוים די בליטנפּראַכט,
ווילד האָט זיך דער סאָד צעלאַכט,
נעמט איצט גרייט איין ווינט דעם צווייטן,
שטיפן שוין אין פעלד אין ברייטן,
יאָגן וואָלקן, פייגל, שפּילן
זיך פאַרפלאָנטערט מיט די מילן,
דער אַ קלינג, און דער — ניי וויים אים!
רעכטס און לינקס אַ פייַף — קונדייסים!
ס'בלאָזט די לונג מיט אַלע קויכעס —
ס'איז דעם טייַוול שוין צופיל!...

און אין סאָד איז שטיל, איז שטיל...

# דאָס פרייליכע ליד וועגן הויז

העי!
ס'איז הויך דאָס הויז, ס'איז רויט דאָס הויז
און אָפן זענען אַלע פענצטער!
גאַנץ פוסט, גאַנץ ליידיק איז דאָס הויז,
דער ווינט וואַרפט ד'אויפגעמאַכטע פענצטער
— דאָ און דאָרט! דאָ און דאָרט! —
מיט אַ פרייד, אַ פרייד אַזאַ,
כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ!

מיט אימפעט ברויזט אַרײַן דער ווינט,
טאַנצט דורך די צימערן און שטיבן!
נעמט פאַר די לענדן זיך אַצינד,
וואָס גוט אַזוי איז אין די שטיבן!
און ניט ער העשעט, ניט ער לאַכט,
פראַלט אויף די טירן מיט געברויז
אויף אַלע זײַטן העל צעשטראַלטע!
ס'איז הויך דאָס הויז, ס'איז רויט דאָס הויז
און אַלע פענצטער אויפגעפראַלטע!

און טירן זענען דאָ אַסאַך
צעעפנט — מיטן ווינט פאַרברודערט!
און טירן הוליען איצט אַסאַך
און אַלעס ברעכט זיך מיט געלאַך,
אַ פרייד — צעשיקערט און צערודערט!
ווײַל ס'האָט צעשיקערט זיך דאָס הויז,
גלײַך ווי אַ שוסטער אין אַ כאַגע;
ס'איז הויך דאָס הויז, ס'איז רויט דאָס הויז!
דער וויכער טאַנצט אויף דער פאָדלאָגע!

און טירן האָט דאָס הויז אַסאַך
און אַלע טירן זענען אָפֿן!
דורך טיר און טויער מיט געלאַך
דער ווינט צעברויזט איז אָנגעלאָפֿן!
העי, הוליע ווינט! אײנעם פֿאָרט
נעם אַלץ צעשמעטערן, צעשלאָגן!
און פֿײַף פֿאַרצווינגן דאָ און דאָרט —
מ'האָט אַלטוואַרג דאָך אַרויסגעטראָגן!

ניטאָ דאָ קיינער! ס'הויז איז פּוסט!
מײַן פֿרײַקײַט האָט איר טאַנץ פֿאַרגיכערט!
מיר זענען דאָ אַליין! די ברוסט
דער ווינט האָט מיט זײַן ליד צעוויכערט!
העי, הוליע, ווינט, און טאַנץ און ברויז,
צעברעך די שויבן מיט אַ מהומע,
וואָס האָבן פֿריר געקענט נאָר שטומען —
העי!
ס'איז הויך דאָס הויז, ס'איז רויט דאָס הויז
און דו האָסט אַלעס בײַגעקומען!!

## ווי אַ ליד קומט אויף

אַ מאָדנער ליריזם, צאַרט און שטיל,
ס'וואַרט די נעשאָמע אויף באַרירונג
מיט סוידעסדיקן „עפּעס...‟ (רירונג
און סטיל פון פילן, קלאַנג און סטיל...)

דערנאָך — אַ וואָרט, דאָס ערשטע בליצט
גלייַך ווי אַ סנע אַ ברענענדיקער
און טרעפט צום מאַרך פון סטיל, צום איקער,
און צווינגט דאָס האַרץ: רעד ווייַטער איצט!

שיגאָען מיטן ווינט פאַריינט!
דו מוזט, די רעגע צווינגט באַגרייפן!
און נאָכדעם: שטילקייַט, ניינסט די שלייפן,
און וואָלסט געוויינט... אַזוי געוויינט...

## אַלטיטשקע

מיר קוקן מיט פֿאַרקלערטע אויגן,
פֿון פֿענצטערל אַרויסגעבויגן.

באַגיסן בלומען אין די טעפּלעך
און קושן פֿרעמדע קינדערקעפּלעך.

און לעבן רויִק, אומפֿאַרענדערט
און רײַסן בלעטלעך פֿון קאַלענדער...

## ייִדן

שוואַרצע, בערדיקע, כיטרע,
מיט שינאָען אין ד'אויגן,
ווו ס'ליגן פֿאַרהוילן אייביקע מוירעס,
אַ ירושע פֿון טויזנטער דוירעס,
מענטשן,
וואָס ווייסן ניט, וואָס ס'איז אַן אייגן אָרט,
זיי לעבן דאָ און דאָרט,
טראַגישע, נערוועזע מענטשן,
נאַווענאַד.

שעפּטשען, אייביק עפּעס שעפּטשען,
מאַכן מיט די לאַנגע הענט
און דערציילן זיך מאָדנע, שרעקעדיקע זאַכן
מיט אַ כיטרע שמייכל.
זיי האָבן דערגרונטעוועט דעם טיפֿן סייכל
פֿון מיליאַרדן אויסיעס קליינע, קרום־געשריבענע,
די קראַנקע מעשוגאָיִם,
דאָס גאָט־געבענטשטע פֿאָלק,
די אויסגעקליבענע!

אַ גלעט די פּייַכטע בערד
און מ'שעפּטשעט אייצעס, אייצעס...
דעם נעמט מען אויף אַ זייַט,
דעם רופּט מען שטיל אַוועק...
צאַפּלען... די אויגן מיט שרעק
שפּרינגען אַרום, אַ פּאַכעד...
צי עמעץ ניט הערט...

דוירעס האָבן אויסגעקריצט אויף זייער פּאָנים
פֿון ווייטאָג צאַר־פֿולע האַוואַיעס.

וואָרים זיי טראָגן טיף אין דער נעשאָמע
דאָס געדעכעניש
פֿון יערושאָלאַיִמס מויערן,
פֿון עפּעס שוואַרצע לעוואַיעס
און יעלאָלעס אויפֿן בעסוילעם...
...אַ מעסע פֿון טײַוולאָנים
און גזיילעס פֿאַרהוילענע פּיל.
(...באַם פֿענצטער... פֿרײַטיק־צונאַכטס... פֿאַרבײַגייער...
גאָיִם... וועלן אַ קוק טון דורכן פֿענצטער... שאַ! שאַ! שטיל!...)

# לעוואַיע

דאָס נאַפּטלעמפּל האָט מאָט געקאָפּטשעט,
זיי האָבן געטראָגן אויף שוואַרצע שטינן,
אויף שוואַרצע, הילצערנע טרעפּ,
געגאַנגען שטילערהייט,
געשעפּטשעט מאָדנע רייד,
געבווינן די קעפּ,
מיט די קעפּ געטרייסלט,
געגאַנגען שטיל, געקראָכן,
דער שניי איז געפאַלן, ס׳איז נאָס געווען,
זיי האָבן די הענט זיך געבראָכן.

## קריסטום אין שטאָט

געהוליעט אויף דער בריק,
אַ גאַנצע נאַכט געהוליעט.

זוינעס, כצופים, טאַליאַנים,
זויפער, נויפים, גאַזלאָנים,
סיפיליטיקער, מעסערשטעכער,
גאַנאָווים, צוואַקעס, פאַרברעכער.
געהוליעט אויף דער בריק,
געהוליעט ביז באַגינען.

די זוינעס — אויסגעלאַסן
מיט בעטלער, כיטרע שפּיצלען,
געטאַנצט דעם טאַנץ די גאַסן,
לאַמטערן, מעשוגאָים,
היצלען.

געהוליעט ענג-געפּרעסט
בעקאָוועדיקע געסט:
ראָצכים!

אַלפאָנסן, כצופעדיקע זקיינים,
אַלייןפאַרשוועכער, ווילדע, איניינעס.

פאַר הענט זיך אָנגענומען,
געשפּרונגען,
הארמאָניעס זינגען, זינגען,
זינגען צום מאָרגנגלאַנץ,
געטאַנצט דעם ווילדן טאַנץ:

ווײַטער! ווײַטער!
געטאַנצט, געזויפֿט, געפֿרעסן.

און ס'איז אײנער געווען
אַ פֿרעמדער, אַן אוירעך.
זײ קוקן קרום, מיט רינזע,
די אַקסלען הײבן, דרײען,
שפּײַען.

מע נעמט אים אויף אַ זײַט:
מע רעדט, מע רעדט, מע פֿרעגט.
ער שווײַגט.

קומט אַ רויטער, מיט נעכפּע:
— ווער ביסטו?
ער שווײַגט.

אָן אַ נאָז קומט אַ צווייטער,
באַקרעציקט:
— ווער ביסטו?
ער שווײַגט.

קומט אַ שיקער, געשטאַמלט:
— ווער ביסטו?
ער שווײַגט.

געקומען מאַגדאַלענע:
דערקאָנט, געזאָגט אים עפּעס...
ער וויינט.

ס'ווערט שטיל. זײ שעפּטשען בלײך, פֿאַרקלערט.
זײ וויינען, פֿאַלן אויף דער ערד...

# געהאַט האָב איך

געהאַט האָב איך זוניקע וועגן,
אַ ווײַסע, אַ ליכטיקע היים...
ס'איז אומעטיק איצטער מײַן האַרצן,
ס'איז אומעטיק איצטער מײַן טרוים.

געווען איז אַ פֿענצטער אין הײַזל
אין נוטער, אַמאָליקער צײַט,
געקוקט כ'האָב אַרומעט פֿאַרכידושט
אין וועלט אַרײַן ווײַט, ערגעץ ווײַט.

כ'בין עפּשער אַ טאָג דאָרט געוועזן
און עפּשער אַן אייביקײַט.
איך ווייס נאָר, אַז איינמאָל צומאָרגנס
איז אַלדינג געוועזן פֿאַרשנייט.

און שנייִק און ריינווייס און קינדיש
געלאַכט האָט מײַן זוניקע היים!
ס'איז אומעטיק איצטער מײַן האַרצן,
מײַן ווײַטן, אַמאָליקן טרוים...

## דער טאַנצנדיקער סאָקראַטעס

כ׳ברען אויף דער זון מיך שלינג און שלאַנג,
איך צי מיך אויס און גענעץ לאַנג...
כ׳בין אַלט — דאָך קוואַלט מײַן פֿרייד, מײַן גרויסע,
ווען כ׳געב אַ צי אַ גוטע קויסע,
קלינגט מײַן געזאַנג.

די ביינער באַקט די זון מיט קוויעך
און ס׳באַקט זיך מײַן קודלאַטער מוייעך,
און אין מײַן מוייעך אויס און אײַן
רוישט ווי אַ וואַלד דער קלוגער ווײַן,
מאַכשאָוועס שווימען ווײַט, גאָר ווײַט,
ווי די צײַט...

וואָס גלאָצסטו, צירבעוס, דערשראָקן?
דו קלערסט, דאָ ליגט אַ נאַר, אַ זאָקן,
וואָס ס׳פֿעלט אים אויס אַ וואָרט, ר׳מוז שטאָקן,
ווייל ר׳האָט שוין אַלץ געזאָגט? אָ שוטע!
גיי, באַק דײַן ברויט דיר!...

טאַלמידים קוקן מיט אַ שמייכל,
ווײַל ס׳דרייט דעם מײַסטער זיך דער סייכל,
ווײַל סאָקראַטעס איז שיקער...
גיי, צירבעוס, און זײַ מעוואַסער,
אַז כ׳האָב אַנטפּלעקט דעם טיפֿסטן איקער:
אַ מיצווע איז פֿון אַטענס שטראָזן
דעם שטויב צו לעקן! זײַ מעוואַסער,
אַ מיצווע איז אין פּענכערס בלאָזן!
און גיסן אין אַ קענדל וואַסער,
דערנאָך — פֿאַרגיסן... ניט קײַן כילעק,
און ווען דו ווילסט, טאָ זײַ מעקאַיִם

מײַן גזאַר און באַק ניט מער קײַן כאַלע,
נאָר זעץ דיך, װעל־מיר טרינקען אַלע,
לעכאַיִם, נו, לעכאַיִם!

ס'איז דיר ניט ניכע, צירבעװסל,
װאָס ס'פּלאָנטערט זיך די צונג מיר שטאַרק?
װאָס כ'לאַך מיר אונטער, צירבעװסל?
װאָס כ'ליג באַטאָג אין מיטן מאַרק
גלײַך װי אַ שלעפּער גאַנץ בעגליפּן?
סע פּאַסט ניט, זאָגסטו, כ'זאָל אַ שיפּן
זועג װײַזן אַלעמען אַצינדער
און בראָיען דאָ װי קינדער?...
אַז כ'מו ניט, װי ס'פּאַסט פֿאַר אַ כאָכעם,
װײַזן, װי צו דער װאָר די דראָכים
פֿירן
און פֿילאָזאָפֿירן?
יאָ, טאַקע, יאָ...

שלעכטס! גוטסקײַט! — עמעס? מענטשן! געטער!
די װערטער, מײַסים, אײנסאָף, גליק!
און װידער אויף דאָס נײַ און קריק:
די געטער, מענטשן, רעפּובליק,
דאָס שלעכטס, די גוטסקײַט, טאַט און װאָרט;
די שײנקײַט איז באַלד דאָ, באַלד דאָרט! — —
מײַן ליבסטער — שטוסים...

איר האָט פֿון העריפּאָן געהערט,
אַז כ'בין דער קליגסטער אויף דער ערד,
און אים — גאַנץ גריכנלאַנד מוז הערן!
אַ גלאַנץ פֿון שעם באַקראַנצט מײַן שטערן,
טאָ קוקט זשעט, װאָס דער קליגסטער מאַכט:
— אָ!

ווײַל וואָס איז וואָרט און טאַט אַצינד,
ווײַל וואָס איז גוטס און שלעכטס און פּײַן,
ווען כ׳האָב צעשיקערט זיך מיט ווײַן
און פֿרייד מײַן הינטישן קאָפּ באַקראַנצט
און אין מײַן קאָפּ גליט אַ שינאָען,
טאָ קוקטזשעט, ווי דער כאָכעם טאַנצט:
און האָפּסאַסאַ און האָפּסאַסאַ
און האָפּסאַ, האָפּסאַ, האָפּסאַסאַ!
טאָ קוקטזשעט, ווי דער קליגסטער טאַנצט!!
אַלטע פּיס איז ניט קײַן שאָד,
שלעכטס און גוטס און מענטש און גאָט,
עמעס, מיצווע, שיינקײַט, מוירא,
האָפּסאַ, האָפּסאַ, האָפּסאַ־אוירא,
איינמאָל רעכטס דאָ — האָפּסאַסאַ!
איינמאָל לינקס דאָ — האָפּסאַסאַ!
ריפּקע, פּיפּקע, קום, קסאַנטיפּקע,
די קאַפּעליע שפּילט!

צירבעוּס, קום, לאָמיר שטאַרק
טאַנצן איצט אינמיטן מאַרק!
ס׳טאַנצט אַ כאָכעם, רוקט אײַך, פֿעטער!
מיצווע, שיינקײַט, עמעס, געטער,
קוקטזשעט, מענטשן, קוקטזשעט, כ׳לעבן,
ס׳וועט קסאַנטיפּקע קלעפּ מיר געבן,
וואָס מײַן פֿרייד איז הײַנט אַזאַ,
און איך מאַך מיר האָפּסאַסאַ!!
אָט אַזוי־אָ ביז צום טויט,
ביז דער הימל פֿלאַקערט רויט,
דאָרט — אַרויף, און דאָ אַ ווענד,
ס׳דרייט דער פּוס זיך, ס׳דרייט די לענד,
אַלטע פּיס איז ניט קײַן שאָד,
זאָל זיך פֿרייען דער גרויסער גאָט.

אַז סאָקראַטעס קען די וואָר!
אַז ער וויים! וויים אַלץ שוין קלאָר!
און ער האָט שוין אַלץ דער־קלערט...
ער, דער קליגסטער אויף דער ערד,
מיט זײַן הינטיש־מיסן פּאַרצוף
קען דאָס טאַנצן! קען דאָס טאַנצן!!
האָפּסאַ, האָפּסאַ, האָפּסאַסאַ!...

# אינוואָקאַציע

ניט גיי פֿאַרביַי, ניט מײַד מיך, כאַווער מענטש, פֿון יאָך
צי אויס צו מיר די האַנט און זאָג מיר ענדלעך: ברודער!
ס׳קומט אָן אַ נײַער יאָנטעוו: זיבן טעג אין וואָך,
עס הוליעט זייער פֿרייד ווי ווינט אין מײַנע לידער.

אויף פֿלעצער און אויף מערק האָב איך צו דיר געשריגן,
מ׳זאָל אויפֿטרײַסלען די וועלט און הייבן זי צום מיט.
עס שמעלצט מײַן וואָרט. אין פּראַכט פֿון זון די באָניעס ליגן:
אַ שפּיגל, וווּ עס האָט דער הימל זיך צעבליט.

קום, לאָמיר אומגעלומפּערט, גלײַך ווי וואַגאַבונדן
פּלאַקאַטן פּונעם נעם צעהענגען בונט און שיף
און אויסמאָלן אַ האַרץ, פֿון רויטן פֿלאַם געצונדן:
דאָס האַרץ, אַ מעטערלאַנגער פֿלאַם פֿון פּרימיטיוו.

קום, פֿרעג ניט, ווער עס היט דעם פֿלאַם, וואָס פֿלאַקערט הייס,
באַגלייט מיך אָדער פֿיר מיך, כ׳האָב דיך אויסגעקליבן;
אויף אַלע בליצן וועל איך זאָגן דיר: גיי ווייס!
די ערד קרײַזט אין מײַן בלוט; כ׳האָב איין פֿאַרלאַנג נאָר: ליבן!

שרײַ! זאָל מען זיך פֿאַרזאַמלען זוניק און צעהעלט,
די בלינדע און געזונטע — אויף דעם פּלאַץ, דעם גרעסטן!
מיט גאָט ווי מיט אַ ברויט וועט טיילן זיך די וועלט,
און ס׳וועט זײַן, ווי ס׳איז: גוט — און עפּשער נאָר: צומבעסטן!

## גיט אונדז נאָר פֿריידן

גיט אונדז נאָר פֿריידן, פֿריידן, פֿריידן, פֿריידן
פֿאַר בריסטן, הערצער, אויערן און אויגן,
מיר זאָלן אַלע פֿאָשעט און באַשיידן
שטיין ווי אַ סאָד אין פֿרילינגס רעגנבויגן.

אַלץ בלײַבט באַם אַלטן. מירן זײַן אַן עכאָ
פֿון די, וואָס זענען שטיל־פֿאַרליבט פֿאַרגאַנגען,
נאָר, אַז פֿון הײַנט אָן וועט זיך הייס צעקושן
אַ האַרץ מיט האַרץ אין שמייכל פֿון געזאַנגען.

## זשיטאָמיר

ס׳באַוואַקסן מיך און טראָגן וויעסנעדיקע ביימער,
כ׳צעלייג זיך ווי אַן אויסזיכט אויף אַ שטעטל — אָפֿן.
ס׳איז גאָרנישטאָ קיין שענערס ווי טעטערעווס ברעגעס
און אייעלעך פֿון פֿייגל, וואָס כ׳האָב דאָ געטראָפֿן.

ווילד פֿלאַטערן אויף פּלויטן לילאַ־מיידלעך: בעזן.
די זון בלאָזט פֿונעם קלויסטער לײַכטנדיקע שטויבן.
מיר איז, ווי ס׳וואָלט אַ מאָדנער יאָנטעוו איצט געווען
און איך בין אויך דאָ מאָדנע יאָנטעוודיק־געהויבן.

# מיט דיר זיך טראָגן

מיט דיר זיך טראָגן, ראַכוועסדיקער וויכער,
אין טאַנץ אָרגיאַסטישן, אָן האַלט, אָן שטילונג.
איבער די הימלען, איבער ערד — און גיכער
אין דיר מעגילנול ווערן, פֿרילינג! פֿרילינג!

ווילד אין דײַן האַרץ זיך, ערד, אַרײַנגעריסן,
אַרײַנזאַפּן אין דיר, פֿאַרפֿלייצן וועגן,
אין דײַנע פֿרוכפּערדיקע וואָרצלען פֿליסן
ווי אַ צעזוניקטער און הויכער רעגן.

# אַלט ווי די וועלט

כ׳וואָלט שרײַבן נאָר פֿון זונפֿאַרגאַנג און אויפֿגאַנג
אַזוינע אַלטע און באַנאַלע רייד,
דאָס זעלבע טאָמיד איטלעכן געכאַזערט
און זיך אָן סיבע, אָן אַ סאָף געפֿרייט.

איך וואָלט געגאַן מיט שטעקנס און סאַנדאַלן
און לאַנג געדאַרשנט פֿאַר די קרעטשמע־געסט,
אַז ס׳איז אַיעדער שטום דער גרעסטער עמעס
און אַלץ אײנײנעם — אַזאַ גרויסער נעס.

און באָבע־מײַסעס וואָלט איך אויסגעפֿלאָכטן
פֿאַר וואַגאַבונדן אויף אַ פֿרײַעם אָרט,
אָט, אַז זיי זאָלן זיך אַמאָל דערוויסן,
אַז כאָטש ניט וויסן, זענען זיי דאָך פֿאָרט.

כ׳וואָלט ווי קאַלוואַריע־נעוויִים און בעטלער
אַ לאָקש מיט בוידעם זיי צונויפֿגעשטעלט,
ביז כ׳וואָלט לעסאָף זיך אָפּגעלערנט דעם סייכל
פֿון הערצער אַלט־באַנאַלע ווי די וועלט.

# ראַכוועס

הענג אויף אַ טשוויאָק אויף, כאַווער, דײַנע יאָרן,
קאַפּאָרעס שלאָג מיט אַלעמען אַצינד!
ס׳מוסירט דער זומער! צײַט אויף דאַטשע פֿאָרן
העט ווײַט, מיט בריטשקעס אין דעם בלאָען ווינט!

עס הוליען רעכטס און לינקס די ווילדע וועגן
און ס׳קײַקלט זיך דער שטראָז פֿאָרויס און קריק.
די זון איז הײַנט אַ הייסער, פֿעטער רעגן,
אין אים זיך באָדן! סאַראַ פֿרייד און גליק!

אָ ראַכוועס דו, אָן גרענעץ! ווײַט צעבויגן
די בריסטן אָטמען ברייטע ווי דאָס פֿעלד!
אָ נעס, אָ קישוף פֿון דערשטוינטע אויגן:
אויף אַלע זײַטן אָפֿן איז די וועלט!

# דער שטיינקלאַפּער

פּינעווע צומאָרגנס קלאַפּ איך שוין די שטיינער.
אַזויפיל אַרבעט! כ'טו אַ שפּײַ אין פויסט;
די טעלעגראַפנשטאַנגען זינגען מאָדנע
און פון דער לופט שפּילט'ס וווּנדערלעך אַרויס'ט.

איך קלאַפּ און ס'זעצט דער שטויב זיך אויף די פינגער.
כ'וויש מיטן אַרבל ס'פּאָנים, וואָס פאַראַסט,
כ'באַגריס אַ וועמען ס'איז, כ'דערלאַנג די האַנט אים
און אין צוויי ווערטער זאָג איך אַלץ: נאַ האָסט!

און מענטשן גייען דאָ צופוס און פאָרן
(כ'וויים עס פון לאַנג שוין...) אַרויף און אַראָפּ.
צו מיטאָג כ'זעץ זיך אויף אַ קופּע שטיינער
און כ'עס מיט אַלטן לעפל פונעם טאָפּ.

און טיילמאָל מאַך איך מיר אַ דרימל — יעמלט
דורך ווימפּערן אויגן זאַפן אײַן דעם ברעג
פון שטילן הימל. ס'מאַכט זיי צו פּאַמעלעך
אַ סטאַיע ווילדע גענדז, וואָס פליט אַוועק...

כ'יצעזונג נאָך ס'רעשטל אויסגעשיילטע קלעצלעך,
און ווען דיביימער שלאָפן אײַן, אָן קראַפט
בייג איך מיך צו צו זיי און דאָרשטיק טרינק איך
די זיסע שוואַרצערד: פון ליפּעם דעם זאַפט.

און ווען עס נעמען איינזאַמען די שטראָזן,
טאָ באַ דעם שלאָגבוים, וואָס שטייט שוין אַנטשטומט
און שלאָפט, לייג איך צו צו דער ערד דאָס אויער:
ווײַל עפּעס עמעץ פונדערווײַטנס קומט...

און מיטן בינטל אונטערן אָרעם גיי איך
דורך האַלפעריקע וועגנס טונקלען סאָד...
פֿון גרינע פֿעלדער ווייעט שוין מיט בענקשאַפֿט,
אין סוידעסדיקן געפּל דרימלט נאָט.

# באַנען

פֿאַראַנען שטעט, פֿון וועלכע, כאָטש מע וויל עס,
מע קען ניט זאָגן נאָרניט. ס׳איז פֿאַראַנען:
אַ גאַס, אַ מאַרק, אַ קלויסטערל מיט טפֿילעס —
און איין געשעניש טרעפֿט זיך בלויז דאָ: באַנען.

די באַן קומט איינמאָל אָן אין טאָג, פֿאַרשטייט זיך,
(אַ מעלאַנכאָליע פֿון שטאָלצע קוריערן!)
און שטום, האַכנאָעדיק אויף איין פֿוס דרייט זיך
און סאַלוטירט אָן הענט אים אַ לאַמטערן.

מיידלעך, וואָס בענקען פֿון גראָע פּעראָנען
— ווייל די פּראָווינץ פֿול ספּלין און מידע טעג איז —
פֿאַרכאַפּט אַ וווּנדער־וועלט פֿון די וואַגאָנען.
אַ גליק פֿון פֿאָרן!... דאָס קלעקט אויף דריי רעגנס.

און יעדער גייט אַהיים צו גראָע שכיינים
און ס׳נאָגט אַ טעמפּע בענקעניש דאָרט אַלע...
מ׳רעדט זיך אין שטאָט דאָס האַרץ ניט אויס פֿאַר קיינעם,
כאָטש אַלדינג איז פֿאַראַן אין וואָרט: פֿאַרפֿאַלן.

און נאָכן צוג — אַ צאַרטער רויך באַגלייט אים
און קנוילט זיך אויפֿן פֿעלד, אויף פֿלאַכע דעכער,
ווי הענט פֿון טונקלע, סוידעסדיקע שיידים,
פֿאַרבענקט אַ ראַמפּע הייבט זיך העכער, העכער...

## אַלצײַנס

עס טרוקענען די טראָטואַרן
און ס'צאַפּלען קנאָספּעלעך אַסאַך.
אָ מײַנע ליבסטע! כ'בין הײַנט גאַנץ אַ
סענטימענטאַליש־נאַריש „אַך".

די וועלט איז פּרעכטיק. כ'בין באַגײַסטערט
מיט זיך אַליין! און פֿרעגן זיך
כ'מוז יעדן טאָג באַקאַנטע מײַנע,
צי ס'איז ווער גליקלעכער ווי איך.

כ'בין ווידער אויף דאָס נײַ דער שלאַנקסטער
און כ'גרײַן זיך ווי דער יונגער מײַ,
און כ'בין, פֿאַרשטייט זיך, דער טשיקאַווסטער
און קלוג און פּוסט און פּאַס און פֿרײַ.

כ'האָב מיר געקויפֿט אַ נײַעם מאַלבוש
און כ'פּאַראַדיר אין אים אַצינד,
כ'רייכער עניפּטישע ציגאַרלעך —
אָ רויך, אָ ווינט!

כ'גרײַס ווידער איצט די שלאַנקסטע פֿרויען
און כ'קלויב דעם לאַנגען, הייסן בליק,
און איך געפֿין דעם גרעסטן זינען
הײַנט אין מײַן זינלאָז־גרויסן גליק.

אָ מײַנע ליבסטע! ס'איז אַלצײַנס מיר:
צי קלוג צי נאַריש, איך, צי איר...
עס טרוקענען די טראָטואַרן
און ס'בליִען בעזן אָן אַ שיר.

## אַזוי צי אַנדערש

צי ס'איז אַזוי, צי ס'איז אויך אַנדערש
פֿון היינט, צי לאַנג שוין אויפֿגעשטעלט,
ווער וועט פֿון אײַך, פֿון אונדז דערקלערן
אי מיך, אי זיך, אי גאָר די וועלט.

פֿון וואַנעט נעמען זיך און ס'גייען
אויפֿיל וועגן, אַזאַ סאָד,
צי מענטשן ריכטן אָפּ די טפֿילעס,
צי ס'דאַוונט עפּשער גאָט.

וואָס וועט זײַן שפּעטער, וואָס דערנאָכדעם
אין אָט דעם קליינעם, קליינעם טאָג;
ווער וועט פֿון אײַך, פֿון אונדז מ'יר זאָגן,
וואָס ס'איז דאָס אַלצדינג דאָרט און דאָ.

און אימלעכער, פֿאַרטויבט פֿון טומל,
ווי ר'וואָלט פֿון עמעס זיך דערוווּסט,
וועט טיף פֿאַרשטיין דאָס גרויסע שווײַגן
פֿון וואָרט, וואָס וויטיקט אין דער ברוסט.

ווײַל צי אַזוי, צי ס'איז אויך אַנדערש,
אַדורכן סאָף און אָנהויב — ווער,
אַך ווער פֿון אײַך וועט זיך דערקלערן
אין ליבשאַפֿט פֿון דער הייסער טרער?

# געזאַנג וועגן אַ לעפל יויך

איך וויל דיר געבן איצט אַ לעפל יויך,
ברודער, פֿאַרפֿרוירענער אין פֿרעמדער וועלט,
וואָס ד׳האָסט געוואַלגערט זיך דרײַ לאַנגע ווינטערס,
וואָס ד׳האָסט געוואָגלט לאַנג דרײַ הייסע זומערס
אויף אַ ניט באַגאַנגענעם פֿעלד —
און געגאַנגען,
געגאַנגען
און אָן אַ סאָף קעסיידער נאָר געגאַנגען
און אָנגעלענט דעם קאָפּ אָן פֿײַכטער ערד
און אין וואַגאָן געפֿוילט מיט קראַנקע פֿערד
און אינעם ריוו געגעסן סטוכלע ברויט
און טאַבאַקע געקײַט פֿון קוישן קויט
און פֿון אַ סאַרכנדיקן זומפּ געטרונקען,
און ס׳האָבן דיך געפֿרעסן רויטע לײַז
און דיך געביסן בייזע קוילן בלײַ,
ביז אויסגעטרונקען האָט דיך זשעדנער טויט.

אוי, אויסגעטרונקען ביז צום סאַמע דנאָ,
דיך —
וואָס ד׳האָסט געטרוקנט אינעם בראַנד פֿון טאַמוז
און אויסגעטרוקנט ווי אַ וווּנדערלעכער סטאַוו
און ביינהאַשמאָשעס, ווען ס׳לעשט זיך די שקיִע.
איך וויל דיר געבן איצט אַ לעפל יויך!
זאָלסט אויפֿשטיין פֿונעם טויטלעכן כאַלאָשעס,
וואָס ד׳האָסט פֿאַר קעלט געגליווערט אין אָקאָפּעס —
און מ׳האָט דיך ניט גענומען פֿון דער וואַך!

פֿאַר וועמען האָסטו דיך געשלאָגן, ברודער,
פֿאַר וועמען האָבן דיך געפֿרעסן לײַז,
פֿאַר וועמען זיך געשלעפּט, געשלעפּט, געשלעפּט,

געשפּייַזט מיט שטענגלעך
און מיט וואַסער פֿון אַ רינשטאָק —
דאָס ווייסט ניט דו אַצינד, דאָס ווייס ניט איך;
ס'וועט עפּשער זאָגן דאָס אַמאָל דיר — גאָט.
כ'ווייס אָבער איינס נאָר, ברודער, איך ווייס איינס,
אַז, ווען עס איז צו דיר דער טויט געקומען
אין פֿאַנצער, אײַנגעקאָוועטן אין אײַז,
געקומען שטיל, בעלאַכעש, אויף שפּיצפֿינגער,
טאָ האָסטו ניט גערופֿן צו דײַן מאַמען
און ניט צום גראָען טאַטן, ניט צום ווײַב,
נאָר מיד גערופֿן מיט באַצאַרטער ברוסט,
גערופֿן מיטן קראַמפּ פֿון פּיס און הענט,
מיט אויגן אײַנגעגלאָצטע אין דער נאַכט
און מיטן גליווער פּונעם בלוט גערופֿן:
— אַ לעפֿל יויך!! — אַ וואַרעם לעפֿל יויך,
וואָס איך וויל געבן דיר אַצינד — צו שפּעט!

## געזאַנג וועגן פֿײַער

האַר, לעש מיך אויס! איך פֿלאַקער שוין צו לאַנג.
איך — דײַן מענוירע, איך, דײַן הייליקער סנע,
אויבֿ ס'האָט זיך פֿון מײַן פֿלאַם ניט אָנגעצונדן
אויף אַלע אירע עקן — גאָר די וועלט!
אָ בלאָז מיך אויס מיט אָטעם פֿון דײַן לונג,
גיס אויס אויף מיר די טרערן פֿון דײַן קאַס,
וואָס קוואַלן פֿון די אויגן פֿון מאַלאָכים
אויף דעם צאַאַר פֿון דער ערד.

דערוואַרג מיט פֿלאַכטעס, אָנגעזאַפּט מיט בלוט,
וואָס שטרוימט אַרויס פֿון שוים פֿון די קעדוישים,
צעשמייכלטע אין פּײַן אויף שייטערהויפֿנס,
האַר, פֿאַר דײַן ליבשאַפֿט!

פֿאַרלעש מיך! — איך פֿלאַקער אומזיסט:
פֿון אָט דעם פֿײַער־פֿלאַקער, וואָס אין מיר,
האָט זיך דאָס האַרץ פֿון שטעט ניט אָנגעצונדן
און ס'פֿלאַמען ניט צעפֿלאַקערט אַלע וועלדער
און ניט צעשמאָלצן איז דאָס גאַנצע גאָלד,
פֿאַרהוילן אין די פֿײַער־פֿעסטע קאַסטנס!
כ'האָב מיט מײַן סנע ניט אָנגעהייצט אַפֿילע
אויוונס — אין אָרימע דירעס.

נאָר טיילמאָל טליִעט אויף אין קעפּ פֿון צאַרטע
ייִנגלעך — אַ פֿונק
און ס'בליִען אויף אין אויג פֿון אָרימע מיידלעך
קליינינקע פֿלעמלעך.

לעש מיך!
כ'וויל שטאַרבן אין דער שעפֿע פֿון מײַן פֿלאַקער.

איך — דײַן מענוירע, איך — דײַן הייליקער סנע,
דײַן צעפֿלאַקערטער כאָסיד.

איך — דײַן כאָסיד!
ניט מיר סאַוולאָנעסדיק צום סאָף זיך זשאַרען
און ניט־דערגיצט — דערנאָכדעם קוים־קוים טליִען
אויף גרוי־פֿאַרטרוקנט גליווערדיקן אַש,
וואָס לעסטערער, וואָס פֿאַלן פֿאַר דיר קוירים,
שיטן אויף קעפּ זיך אין דער שאָ פֿון טשוווע.
ניט — מיר!

ניט מיר צו זײַן דאָס אַש, מיט וועלכן דו
ווערסט טרוקענען דעקרעטן פֿון דײַן כעסעד
אָדער מישפּאָטים פֿון טויט!
לעש מיך! איך וויל ניט קײן אַש זײַן!
לעש מיך, ווײַל ד׳האָסט מיך געצונדן,
לעש מיך! — שוין צײַט!

## פונעם איבערזעצער

דער טרויעריקער מאַצעוו פונעם יידישן ביי־
כערמאַרק, וואָס געדויערט שוין עטלעכע יאָר, האָט מיר אוממיגלעך געמאַכט
צו פאַרווירקלעכן מיין פּלאַן, מיט וועלכן איך טראָג זיך שוין אַרום
זינט אַ זייער אַ לאַנגער צייט: אַרויסצוגעבן אַן אַנטאָלאָגיע פון דער פּוי־
לישער ליריק, וואָס איך האָב נאָך אין יאָר 1927 געהאַט קימאַט אינ־
גאַנצן פאַרטיק. אַז אַ קליינער אויסשניט פון איר זאָל דערשיינען באַם
היינטיקן טאָג — האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם פאַרלאַג פון אַ. ב.
צ ע ר אַ ט אַ אין ווין, וואָס האָט, ניט געקוקט אויף אונדזער באַרבאַרישער
און ליריק־פרעמדער צייט, אַרויסגעלאָזט דאָס פּירגעליינטע ביכל. איך
דאַנק אים דערפאַר פון מיין גאַנצן האַרצן. / לויטן אָפּמאַך, וואָס איך
האָב געשלאָסן מיטן אויבן דערמאָנטן פאַרלאַג, האָט די איצטיקע אַנ־
טאָלאָגיע ניט געקענט האַלטן מער ווי דריי דרוק־בויגן. צוליב דעם האָב
איך מיך געמוזט באַגרענעצן אויף בלויז פינעו דיכטער און אַריינגענומען
נאָר די, וואָס געהערן צו די פּיאָנערן פון דער מאָדערנער פּוילישער ליריק
(זאָפיאַ נאַלקאָווסקאַ געהער צו אַ פריערדיקער עפּאָכע, דערנענטערט זיך
אָבער צו דער אונדזערער דורך איר נייעם לעבנסגעפיל). אַ באַזונדער בוך
וועגן דער פּוילישער ליריק אין דער יינגסטער — און דער עלטערער
צייט וועט דערשיינען באַ אַן אַנדער געלעגנקייט; לאָמיר האָפן, אין
אַ פריילעכערער צייט! / צוליב דויכעק אין פּלאַץ איז מיר ניט מיגלעך
געווען צו ברענגען אַן עסיי וועגן דער פּוילישער ליטעראַטור־טקופע, וואָס
ווערט פאַרטרעטן דורך די אויבן געבראַכטע דיכטער. איך מוז מיך דער־
פאַר באַנוגענען בלויז, ניט שטרעבנדיק צו קיין ביבליאָגראַפישער גענוי־
קייט, מיטן אויסרעכענען פון די אַרבעטן, וואָס זענען וועגן דעם איניען
דערשינען אויף יידיש: מאַקס ע ר י ק: „צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער
נייער פּוילישער דיכטונג" („רינגען", באַנד II, העפט VII—IX, וואַרשע
1921), יאַנקעוו ש אַ צ ק י: „די פּוילישע פּאָעזיע פון דער קעגנוואַרט"
(„אין זיך", נו־יאָרק 1923), לעאָ פ י נ ק ע ל ש ט י י ן: „די מאָדערנע פּוי־
לישע דיכטונג" („אין שפּאַן", כוידעש־זשורנאַל, מאַי 1926, נר. 2, ווילנער
פאַרלאַג פון ב. קלעצקין) און קאַראָל א י ז ש י ק אָ ו ו ס ק י: „די פּוילישע
ליטעראַטור נאָך דער מילכאָמע", איבערגעזעצט פון מאַנוסקריפּט: אַ. ס.
(„יידישע וועלט", בוך 1 און 2, 1928, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין).

מ. נ.